פישל בער ראַוויצקי

# משלים

ISBN:0-657-12344-7


פארלאג „כוכבות"

וואַרשע

1929

פישל בער ראַוויצקי

# מ ש ל י ם

פאַרלאַג „כּוחות"
וו אַ ר ש ע
1929

בהמות, חיות, אייזלען, פערד,
באַפאַלן זענען מיך מיט אַ ירגזון,
געבייזערט זיך, געבלאָזן:
„ס'איז ממש אומדערהערט!
דו נעמסט זיך חוצפּהדיק און אומגעשטערט
פון אונז אַ מענטש צו מאַכן".
און כ'האָב געענטפערט מיט אַ לאַכן:
„איך טו פאַרקערט.
איך נעם די פיינסטע לייט,
צי אָן אַ פעל אויף זיי,
הענג אָן אַ זנב, ווי ס'געהער צו זיין,
נאָכדעם פאַרטרייב איך עטלעכע אין וועלדל ווייט,
שטעל אַנדערע אין שטאַל אַריין,
ווי זאָלן קייען שטרוי און היי".

# די מוּ ע

מיט גרויס תּרעומות איז צו מיר אַריין די מוּזע:
— „וואָס האָסטו פאַר אַ העזה,
מיך באַהעפטן מיט בהמות און מיט חיות,
פון אַנדערע פּאָעטן נעם דיר רעיות,
זיי זינגען פאַר דער מענטשהייט נאָר,
מיט רעש, מיט שטורם,
ווי אַ מלאכים־כאָר,
ראָמאַנסן, סערענאַדן,
סאָנעטן, לידער לירישע, באַלאַדן.
אָבער דו? — דו טוסט מיר אָן יסורים.
דו גיסט מיר אַלס חברים
חמורים, פערד און אָפּטמאָל גאָר חזירים״.
„אָ, ליבע געטין! כ׳בעט מחילה טויזנט מאָל.
כ׳קען דאָך אָבער אייזלען און חזירים אָן אַ צאָל,
צו וועלכע, כבודה, איז אַליין געקראָכן?!...״

II

## דער „קוקודיקער“ האָן

קוים אַריבער איז די נאַכט,
האָט דאָס הענדל אויפגעוואַכט
און אַ הויכן קריי געגעבן.
פּלוצלינג גראָד אין וואַלד דערלעבן
האָט אַ קוקו „קוקו“ אויסגעשריגן.
איז דער האָן געפּלעפט אַנטשוויגן.
— „האַ, וואָס האָב איך פאַר אַ זיסן רוף דערהערט,
פון טיפן שמעקעדיקן וואַלד?
קוקו, קוקו, אַך ווי שיין דאָס שאַלט!
ווער האָט „ריקו“ צוגעקלערט?
איז דען קוקו נישט פיל שענער?
קוקעריקו איז דאָך מיאוס,
ווי באַם פאַווע-האָן דער פוס,
פּאַסט דאָך גאָרנישט פאַר קיין מענער!“
פּלוצלינג — שאַ! אַ מחנה הענער
קרייעט ווידער ערגעץ פריי!
זאָן דער האָן איז שנעל צו זיי
אַרויסגעלאָפן,

ווי פון אומגליק בייז געטראָפן,
און צעשריגן זיך מיט כּעס:
— „אַ שפּראַך געפינען דאָס אַ שפּאַס!
קוקעריקו! קוקעריקו!
ס'איז אַ שאַנד פאַר לייטן.
מענטשן האַלטן לאַכנדיק זיך באַ די זייטן.
„קוקו" רופס, און ווערט פון חרפּות פּטור".
נאָר די הענער האָרכן אים אַ שטייגער ווי דעם קאָטער,
קערן זיך אַוועק אינגאַנצן.
איז דער האָן צום קוקו באַלד אַוועק
גענומען חנפענען און אונטערטאַנצן;
ווי מען דאַרף אַ קוש, אַ לעק;
מאַלפּעדיק אים נאָכגעשפּרונגען,
קוקו, קוקו צוגעזונגען,
ביז דער פויגל איז אין כּעס געוואָרן
און אין ווילדן צאָרן
בייז דעם האָן ביז בלוט צעביסן,
אים דעם רויטן קאַם אַראָפּגעריסן.

---

איר, וואָס ווילט פון אייער שטאַם נישט וויסן,
נעמט אַראָפּ אַ מוסר פון דעם עוף
און ציטערט פאַר זיין סוף.

III

## דעם נאַכטיגאַלס קאָנצערט

עס האָט אַ נאַכטיגאַל געגעבן אַ קאָנצערט
פאַר אייזלען, פאַר חזירים און פאַר פערד, —
מבינים סאַמע, גרויסע קענער. —
און ס׳האָט דער פויגל שיין אַזוי געזונגען,
אַז ס׳זענען זיינע זיסע טענער,
אין האַרץ פון צוהערער אַריינגעדרונגען
און די חזירים אין דער נאָז געקריצלט,
די אייזלען אין די אויערן געקיצלט,
געשטשיפּטשעט אין די קאָפּיטעס די פערד.
און מ׳קאָן נישט זאָגן, ניין, זיי האָבן צום געזאַנג
גאַנץ אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט:
דאָס פערדל האָט געגענעצט לאַנג,
פאַרדרייט דעם עק און זיך פאַרקלערט;
דאָס חזיר האָט געמאַכט אַ שטרענגע מינע,
פאַר מבינות, אַזש געקייט די סלינע,
ווי ליגנדיק אין זומפּ אַ צייט אַ שפּאָרע;
דאָס אייזל ווידער, אַ מנגן קיין עין הרע,
האָט אָנגעשטעלט די אויערן אויף צפון

און באַלד דעם טאָן געפּאַקט,
און, ווי אַ גוטער קענער, צוגעקלאַפּט צום טאַקט,
ביז ס׳איז מיט אַלע פּאַר מתיקות איינגעשלאָפן.
נישט ווײַט איז אויף אַ בוים געזעסן שטיל
אַ שיין קאַנאַריקל, זיך צוגעקוקט צום שפּיל.
„דאָס וואונדער עסט מיך אויף — וואו האָסטו דיין געפיל?״
געזאָגט האָט עס דעם נאַכטיגאַל:
„פאַר וועמען רייסטו זיך אַרויס די גאַל?
דו זעסט דאָך, אַז דיין זינגען איז אַ שאָד.
זיי שנאָרכן פעסט, ווי נאָך אַ באָד״.
אַ תשובה האָט ס׳קאַנאַריקל פון נאַכטיגאַל געקריגן:
„אוי, האָב נישט קיין פאַרדרוס!
פאַרקערט, מיר שאַפט דאָס פאַרגעניגן,
גענוס.
ווייל, אויב ס׳האָט איינגעשלעפט מיין ליד
חזירים, פערד, וכדומה — טענער־שלינגער,
דאַן קאָן איך זאָגן דרייסט אויף מיר,
אַז כ׳בין אַ גרויסער, גרויסער זינגער״.

IV

## אַן אייזל, אַ מיוחס

אַן אייזל, אַ בר־דעת, גאַנץ לאַנג שוין מינדיק,
האָט זיך געבלאָזן, ווי אַן אינדיק,
געגאַנגען שטאָלץ, אַרויף די אויערן,
דערציילט פון זיין געבוירן,
פון וואָסער יחוסדיקן הויז
ער קומט אַרויס:
— „די אבות מיינע, סאַמע פיינע לייט,
אַדורכגעוועבט מיט גאָלד און זייד.
מיין עלטער־זיידע, מיר צו לאַנגע שנים,
האָט נישט איינמאָל מיט אַ מלאך פּנים אל פּנים
און פּה אל פּה זיך אויסגעשמועסט;
מיין זיידע איז געווען אַ רב;
מיין שווער — אַן עסקן אויף דער וועלט באַוואוּסט;
מיין טאַטנס נאָמען גלאַנצט אין ספר הזהב".
„ס'איז אמת", רופט זיך אָן דער פוקס: „מיר זעען,
די אבות זענען גרויסע אייזלען, פערד געווען.
נאָר דו ביסט נאָך אַ גרעסערער, מיין ליבער,
דו גייסט זיי אַלע מיט דיין חכמה איבער".

## V

## קידוש לבנה

נאָך אַ תמוז טאָג, נאָך חמימהדיקן גליען
איז די זון אַוועק זיך אָפּצורוען,
כאַפּן וואו אַ דרימל.
באַלד איז אויף דעם שוואַרצן הימל,
די לבנה פול אַרויסגעשוואומען.
זענען רעדליך יידן זיך צונויפגעקומען
זי מחדש זיין מיט תפילות,
שיקן איר שבחות ותהילות
דעמאָלט האָט מען קלאָר געקענט דערהערן:
ווי עס שמועסן צווישן זיך די שטערן:

— „האַ, וואָס זאָגט איר צו די מענטשן ?
טוען פּונקט פאַרקערט :
קומען די לבנה בענטשן,
דאַנקען פאַר איר לייכטן אויף דער ערד,
און די זון, וואָס מאַכט די לבנה ליכטיק,
מיט קיין דאַנק באַשאָנקען ווערט“.

---

יאָ, יאָ, ליבע שטערן, איר זאָגט ריכטיק,
ס'איז אַזוי אויף אונזער וועלט :
אַ ליאַדע ווער ווערט הויך געשטעלט.
אָבער דער, וואָס דאַרף צו זיין געערט,
ווערט פאַרגעסן, ווי אַ טויטער אויף דער ערד.

## VI

# אַ פרוי, אַ פורמאַן

אַ גרויסן וואָגן הויך געלאָדנט שטרוי
האָט אָנגעפירט אַ פרוי.
געהאַלטן שטאָלץ די לייצן אין דער האַנט,
געקערעווועט די פערד, מיט גרויס פאַרשטאַנד.
געטריבן זיי, געיאָגט,
געפייניקט און געפּלאָגט.
אַ פעסטן שמיץ דעם שימל:
— „וואָס קריכסטו, כאַפּסט אַ דרימל?"
דעם שפּאַק אַ צי צוריק:
— „טפּרר... ברעך ס'געניק!
וואָס לויפסטע, ווי אַ ווילדער מיר.
עס ברענט דען אונטער דיר?"
— „אוי גאָט אין הימל".
האָט געקלאָגט דער שימל:
— „די יידענע, וואָס וויל פון אונז זי האָבן היינט?"
און ס'ענטפערט אים דער שפּאַק: „דו ווייסט נישט פריינט?
דאָס ערגסטע איז, און ערגער קען נישט זיין,
ווען ס'נעמט אַ ווייב די לייצן אין דער האַנט אַריין".

VII

## צווײ מענטשלעכע טײלן

אין אַ הײל,
האָט געוואוינט אַן אויבער־און אַן אונטער־טײל.
אײנמאָל האָט דער אויבער־טײל געהערט,
אַז עס איז פֿאַרהאַן,
אויבן אויף דער ערד,
אַ פּראָפֿעסאָר, גאָר אַ גרויסער מאַן,
וועלכער קען אים צוזעצן אַן אונטער־חלק.
(במחילה, כ׳מײן אַ פּולקע מיט אַ בײליק.)
צו דעם מומחה איז ער באַלד אַהינגעפֿאָרן
און דאָס וואונדער איז געשעען:

ר'איז אַ גאַנצער מענטש געוואָרן.
אַז דער אונטער=חלק האָט דערזעע,
ס'נס, וואָס יענעם איז געשעען,
איז ער אויך אַהינגעלאָפֿן
און פֿאַרלאַנגט, מען זאָל אַן איבער=טייל אים מאַכן.
אָבער דער פּראָפֿעסאָר ענטפֿערט מיט אַ לאַכן:
— „מילא, אַז אַ קאָפּ זאָל קריגן,
אַלס באַדינטן,
אַ שפּאָר חלקל פֿון אונטן,
קען נאָך מעגלעך זיין אויף אונזער ערד.
אָבער גאָר פֿאַרקערט,
איז די וויסנשאַפֿט אַזוי הויך נישט געשטיגן".

## VIII

# דאָס פייער און דאָס וואַסער

די שנאה, וועלכע הערשט אין יעדן צעלט,
מאַכט חרוב דאָך די וועלט.
— ווען וועט מען ווערן פון דער מכּה אויסגעהיילט ? —
נאָר טיילמאָל אָבער טרעפט אויך גאַנץ פאַרקערט
אויף אונזער ערד.
אַ שטייגער, ווי ס׳ווערט דאָ דערציילט.

---

דאָס פייער זאָגט צום וואַסער :
— „הער אויף צו זיין אַ נאַסער.

ראַן עפּן איך מיין פּייער־מויל
און מאַך באַלד פון דער וועלט אַ קויל".
דאָס וואַסער שרייט צום ברעג:
— „וואָס שטייסטו מיר אין וועג?!
איך וויל זיך ברייט צעפּליסן,
די גאַנצע וועלט פאַרגיסן!"
לסוף, אַז ס'פייער האָט צעפלאַקערט זיך, צעברענט,
אַז ס'וואָלט שוין אפשר אויך געקענט
פאַרניכטן אונזער וועלט,
האָט ס'זעלבע וואַסער ס'פייער איינגעשטעלט.

IX

## די לוסטיקע ציג

דורך גרויסע גאַסן, לאַנג און ברייט,
פון זון־אויפגאַנג, ביז זי פאַרגייט,
לויפט פריילעך אום אַהין און צוריק
אַ ווייסע ציג.
עס לויפן נאָך אפילו אַנדערע ציגן פיל,
זיי האָבן אָבער גאָר אַן אַנדער פנים:
פאַרמרה־שחורהטע פּחדנים,
וואָס ציטערן פאַר אַ שאָרך, אַ ביל.
נאָר אָט דעם ווייסן ציגל איז קיין אונטערשיד,
מעג זיין אין פעלד, אין גאַס, —

זי כאַפּט אַ ציגן־באָק און טרייבט מיט אים אַ שמאַס,
אַ הויכן מע, אַ בלעק די צונג,
אַ שאָקל מיטן בערדעלע, אַ שפּרונג:
האָפּ־האָפּ, זי ווערט נישט מיד.
איר לוסטיקייט געפעלט די קאָזשלעס אָן אַ שיעור,
ווייל, ווען זי האָפּט און טאַנצט
און אין די אויגן גלאַנצט
אַ פייער־פלאַם,
באַקומט זי טויזנט טעם.

---

שפּרינג ציגל, שפּרינג,
כּל זמן ביסט יינג.
דאָס לעבן איז אַ קורצער ווינטער־טאָג.
און זאָל עס דיר חלילה נישט געראָטן
מיטצושלעפּן אין דיין טאַנץ אַ ציגן־באָק,
זיי גרייט צו טאַנצן שפּעטער, מיט דיין שאָטן.

X

## דער אדלער און דאָס חזיר

פון די הויכע וואָלקנס, שפּעט פאַרנאַכט,
האָט אַן אָדלער הונגעריק, פאַרשמאַכט,
אויף דער ערד אַראָפּגעלאָזט זיך זאַכט
און געזוכט צו עסן.
גראָד איז ס'חזיר דאָרט געזעסן,
מאַכט עס חוזק פון דעם פויגל־קעניג:
„וואָס, דו העכסטער פון אונז אַלע,
דו, וואָס ביסט אַזוי נתעלה,

אַז עס איז דיר יעדער פויגל אונטערטעניק,
האָסטו פּשוט, פּראָסט,
זיך אויף דער ערד אַראָפּגעלאָזט?
הפּנים, עס ציט דיך גוט באַם מאָגן".
און דער אָדלער ענטפערט אָפּ אַזוי צו זאָגן:
— „ווען איך בין אין נויט,
קען איך פון די העכערע מקומות,
זיך אַראָפּלאָזן אין די תהומות
זוכן ברויט.
פּרווו נאָר, גיב זיך דו אַ הויב,
פון דעם שטויב,
פון דיין מיסט און קויט!..."

XI

## דער שלאַנגס טובה

אַ שלאַנג, אַ גיפטיקע, פון ערגסטן מין
וואָס אירס אַ ביס איז אַ סכּנה,
האָט באַקומען אַ מתּנה,
אַ ביסל האָניק פון אַ בין.
דערפון האָט זיך דערוואוּסט אַ בער
איז ער
געקומען באַלד אַהער
און זי געבעטן: „כ'האָב געהערט,
דו האָסט אַ ביסל דבש,
בין איך געקומען בעטן דיך אַ נאַ.

דו קענסט דערפון דאָך סיי ווי נישט געניסן".
די שלאַנג האָט אָבער זיך געקלערט:
— „איך וועל דיר געבן אַ געשמאַקן ביסן,
סעם גן־עדן.
אַז דו וועסט אים פאַרדייען,
וועסטו זעען זיך מיט דיין עלטער־זיידן".
און כהרף עין,
האָט זי געגעבן אים אַ ביס
און איינגעשלעפּערט זיס,
אויף דורות לאַנג.

---

אַ נאַרישער בער!
ר'האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז מען קען נישט מער,
ווי גיפט באַקומען פון אַ שלאַנג.

XII

## דאָס „קלוגע" אייזל

האָבער האָט אַ פויער אויפן פעלד פאַרזייט.
אָט די אַרבעט האָט אַן אייזל גוט באַטראַכט.
— „מ'זאָגט, אַז מענטשן זענען קלוגע", האָט ער זיך געטראַכט:
„כ'זע נישט איין, אין וואָס באַשטייט
די חכמה זייערע.
זיי פאַרשיטן האָבער, פשוט אַן עבירה,
כדי אַמאָל זאָל ווידער וואַקסן,
כדי אונז עסן דאָס צו געבן
שפּעטער, אַז מען וועט דערלעבן.
קראַנטער איז דאָך אָבער,

גאָר אָן אַרבעט, אָן אַ רעשן,
באַלד דערמיט אונז אָנצופאַשן".
אויסגעוואַקסן איז דער האָבער
פילפּאַך אויפן פעלד.
ס'שניידט דער פויער פריילעך, מונטער.
שפּעטער, אַז דער ווינטער,
מיט זיין פראָסט און קעלט
איז געקומען אויף דער וועלט,
צוגעדעקט מיט שניי דאָס פעלד,
איז דער האָבער שוין געווען אַ וואוילע שפּייז.
ס'האָט דאָס אייזל זיך דערקוויקט.
דעמאָלט איז ער אויפן שכל ערשט געקומען, —
אַז ווער עס אַרבעט גוט מיט פלייס,
מוז אַ שכאַרן לוין באַקומען.

XIII

## דאָס פוילע און אַרבעטזאַמע פערד

ס׳טרעפט גאַנץ אָפט, ס׳איז נישט קיין נייס;
איינער אַרבעט מיט גרויס פלייס
און האָט ס׳חולאת;
אַן אַנדערער איז פויל,
גייט אום פוסט און פּאַס
און דאָך — עס איז אים וואויל.

---

ס׳האָט געהאַט אַ פורמאַן פערדלעך צוויי.
איינמאָל האָט ער זיי
איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן מיט אַ משא כבדה —
זענען אָבער נישט קיין גלייכע ביידע:
איינס אַן אַרבעטזאַמס, אַ וואוילס,
אַ „ציער״.
מ׳דאַרף נאָר „ויאָ״, קיין בייטש, קיין ריר,
שלעפּט עס פעסט כסדר,
ס׳קנאַקן אַזש די רעדער;
ס׳אַנדערע אַ פוילס,

כאָטש נעם און האַק אים אָפּ די לענדן, הייס אים קעפּן,
וועט ער דאָך נישט שלעפּן.
שמייסט דער פורמאַן. — פונקען פליען, —
ניין, דער פוילער וויל נישט ציען!
אָבער ווייטער מוז מען קומען,
האָט ער זיך צום בעסערן גענומען.
און דאָס פערדל נעבעך ציט,
כאָטש עס איז די משא גרויס.
כאָטש עס איז שוין מאַט און מיד, —
ס'גייען עס די כּוחות אויס —
מיט דעם וואָגן מוז עס נאָך דעם פוילן שטיפן,
וועלכער וויל פון גאָרנישט וויסן,
שלעפט זיך מיט אַרױפֿגעלאָזטע ליפּן.
אָבער ווען דאָס פערדל,
טיף דעם קאָפּ געבויגן,
האָט דעם וואָגן
ביזן אָרט דערצויגן,
האָט דערין זיך עפּעס אָפּגעריסן.
ס'בלוט געקומען איז עס אין די אויגן,
דורך דער נאָז געפלאָסן,
און דאָס לעבן עס פאַרגאָסן.
ס'כוילע פערד בשלום איז אַהיימגעקומען
און געשמאַק צום „אָברעק" זיך גענומען.

XIV

# אַ מאַלפּע אין אַ פאַרגרעסער=גלאָז

אַ מאַלפּע, אין אַ זונען=טאָג, האָט אויפן גראָז
געפונען אַ פאַרגרעסער גלאָז
און אָנגעשטעלט עס אויפן עק.
— „אוי=וואַ, ווי גרויס ער איז, אַ שרעק!
ווי שיין, ווי איידל!“
איז זי פון שמחה אויפגעשפרונגען,
און באַלד דערפון אַרויסגעדרונגען,
אַז קוים איז גרויס אַזוי דער ווידל,

דאַן קאָן זי שוין פאַרשטיין,
ווי גרויס זי איז אַליין.
נאָך שענער:
די זון אפילו, וועלכע קוקט אין גלאָז אַריין
איז אויך פון זנב קלענער.
די זון האָט אָבער, ווי ס׳געהער צו זיין,
צונויפגעדריקט די ברענענדיקע שטראַלן,
וואָס זענען, ווי אַ פייער, דורך דעם גלאָז געפאַלן
און ס׳שוועבצל אָנגעצונדן.
די מאַלפּע האָט געהאַט צו קראַצן און צו בינדן.

---

אַן איינגערעדטער נאַר
באַקומט אַזוי אַ שכר

XV

## דער שטאָט־הונט און דער דאָרפס-הונט

אַ שטאָט־מאָפּס,
אַן אויסגעפּילטער ווי אַ קלאָפּס,
האָט פּאַר אַ דאָרפס־הונט זיך געריִמט:
— „איך האָב אַ בעסער לעבן באַשטימט.
כ'וואוין אין די הערלעכסטע סאַלאָנען,
בא גראַפן און באַראָנען.
כ'ווער ווי אַן אייגן קינד דערצויגן,
געמאָסטן און געוואויגן;
מען קוקט מיר אין די אויגן;
מען קעכלט און מען טראָגט מיך,
מען קעמט מיך און מען צוואָגט מיך;
כ'טראָג אויפן האַלז אַ שלייפל,
מיט גלעקעלעך אַ רייפל;

כ'שטעל מיינע פיסלעך אויף דיוואַנען
און עס דאָס בעסטע, וואָס נאָר עס איז פֿאַראַנען:
כ'שלאָף אויף אַ בעטעלע אַליין,
מיט פֿאָרהענגלעך באַהאָנגען שיין.
נאָר אָבער דו, מ'שטיינס געזאָגט,
דו ביסט אין דאָרף פֿאַריאָגט.
וואָס פֿאַר אַ לעבן האָסטו דאָרט?
קיין רעכט, קיין לייטיש אָרט.
ליגסט אין אַן ענגער בודע;
אַ שיסל קרופּניק איז באַ דיר אַ סעודה;
לויפֿסט נאָך דער סטאַדע אַ באַשמוצטער,
מיט בלאָטע מיאוס אַ באַשפּריצטער.
שטעלסט תּמיד איין דיר דיין געזונט".
און ס'האָט געענטפֿערט אים דער דאָרפֿס־הונט:
— „איך ברענג דערפֿאַר מיט אָט דעם אַלעם
פֿאַר מענטשן נוצן, ציל.
און דו פֿאַר זיי ביסט נאָר אַ שפּיל,
ווי פֿאַר אַ קינד אַ באַלעם".

## XVI

## דאָס געשליפענע גלעזל און דער רויער בריליאַנט

אַ געשליפן גלעזל,
מיט אַן אויפגעריסן נעזל,
געזאָגט האָט צו אַ רויען, נישט באַאַרבעטן בריליאַנט:
— „זע נאָר סאַרע פאַרבן אַלערהאַנט,
אָן אַ שיעור,
ס'שטראַלן רייך פון מיר
אָבער דו ביסט רוי און אומגעשליפן,
קענסט קיין רייץ צו דיר נישט אַרויסרופן".
און דאָס שטיינדל האָט געענטפערט אָט אַזוי:
— „אמת. איך בין אומגעשליפן, רוי,
אָבער ווער ס'איז איידעלער פון אונזביידן,
קען אַ מבין נאָר באַשיידן.

---

מ'קען נישט קיינעם שאַצן באַלד,
לויט זיין אויסערלעך געשטאַלט.

XVII

# אַ ציגן־באָק

דאָס מעשהלע דאַרף יעדער אויסצוהערן:

---

אַ צוגן־באָק,
אַ יינגער כניאָק,
דערזעט אַ הירש אין וואַלד.
און באַלד
פאַרגלוסט זיך אים זיין גלייכן ווערן.
ער נעמט אָן כוח,
פאַררייסט די הערנער הויך,
הייבט אויף די פיס און לויפט גאַלאָפּ,
ממש ווי אַ הירש, באַרג־אויף, באַרג־אַפּ.

ער ווערט נישט מיד, ר׳איז שטאַרק
ער מוז זיין ציל דערגרייכן,
ווי יענער הירש זיך אויך דערהייכן
און קומען אויף אַ הויכן באַרג.
און ס׳גליק האָט אים געשפּילט,
ער האָט דערצילט,
ער שטייט אַ הויכער, שטאָלץ דעם קאָפּ פאַררײסן;
פון נעכטן וויל ער מער נישט וויסן,
ווען ר׳איז אין שטאַל געזעסן
און גראָז געפרעסן.
נאָר דאָ האָט אים דער הירש געזאָגט:
— „דו האָסט זיך נישט אומזיסט געיאָגט.
ביסט הויך אַרויף.
שטייסט גאווהדיק דאָ אויפן שפּיץ פון באַרג.
נאָר ווייס, אַז דו קענסט לייכטער פיל אַראָפּ.
און דאַן איז שלעכט: מען כאַפּט אַ מיאוסן סוף
מען ברעכט דעם קאַרק!...

XVIII

## דער יושרדיקער צדקה־גדולה גבאי

אין אַ שטעטל איז געווען אַ צדקה־גדולה,
גאָר אַ וואוילע:
ס'האָט געקריגן ביַיד רחבה
בלויז דער נצרך אַ נדבה,
וועלכער איז געווען אַ בעל־מום,
הויקערדיק, צי קרום,
טויב, לאָם, אָדער שטום.
— מילא, ווייניק קאַליקעס אביונים איז פאַרהאַן! —
איינמאָל קומט אַן אָרעמאַן,
אַ באַוואַקסענער, אַ געלער.
פרעגט דער גבאי: — „וואָסער פעלער?"
ענטפערט יענער: „איך בין טויב".
גיט דער גבאי זיך אַ הויב:
— „איך פאַרשטיי נישט, ס'טייטש דו הערסט דאָך גוט!?"
— „זייט געדולדיק איין מינוט,
ווי שמן המואר וועט אייך ווערן קלאָר:
כ'הער נישט אויף דעם לינקן אויער".
נעמט דער גבאי ס'בערדל אין דער האַנט

און פאַרקלערט זיך מיט פאַרשטאַנד:
— „זאָל איך זאָגן, אַז עס קומט אים אַ נדבה?
גיי און זיי אַ נביא,
אפשר זאָגט ער ליגנט און ער הערט.
ווידער טון פאַרקערט,
גאָרנישט געבן אים קיין מתנת־יד,
טאָמער איז עס אמת. נו, דערגיי אַ סוד".
און ער האָט אַזוי אַ מיטל אויסגעקלערט:
מ'זאָל דעם אביון מאַכן טויב דאָס רעכטע אויער.
דעמאָלט וועט מען קאָנען גלויבן,
אויב מען האָט צופויער
מיט אַן אמתדיקן טויבן.

---

ס'איז מיר בלויז אַ ביסל שווערלעך,
צי דער גבאי טאַקע ערלעך
איז לגבי זיך אַליין אויך אַזוי, פון שווינדל ריין,
הייבט די אויגן אויף צו גאָט,
ווען ער נעמט אַ מתנת־יד.

XIX

## דער פויער און זײַן פערד

עס האָט זיך פאַראַיאָרן
אַזאַ געשעעניש פאַרלאָפן:
אַ פויער איז אין וועג געפאָרן
און זיינס אַ פריינד געטראָפן.
ער שטעלט דאָס פערדל אָפּ,
פאַרלייגט די לייצן, קריכט אַראָפּ,
אַריינצוכאַפּן מיט זיין פריינד אַ שמועס
און הערן פון די נאָענטע אַ גרוס.
דערווייל איז אומגעדולדיק ס'פערד געוואָרן,
אַ צי געטון דעם וואָגן און געפאָרן.
דער פויער כאַפּט די לייצעס באַלד.
„טפרר... שטיי! שטיי!“ מאַכט ער אַ געוואַלט:
— „ווער האָט דאָס דיר דערלויבט אַליין

פון אָרט זיך רירן?
דו ווייסט נישט, אַז אַ פערד קען דאָרט נאָר גיין,
וואו אים די מענטשן פירן?"
— „הפנים", רופט זיך אָן זיין פריינד:
„דו ביסט ביז היינט
אין שטאָט נאָך נישט געווען
במילא נישט געזען,
אַז דאָרטן איז פאַרקערט:
עס פירן מיט די מענטשן אָן די גרעסטע פערד"...

---

אַ פויער בלייבט אַ פויער
האָט תמיד נאָר צופויער
מיט דער שטאָט.
און איך האָב גאָר געהערט
(דאָס איז אוודאי אויך פאַר אייך קיין סוד)
אַז פּאָליטיק געפירט ווערט
דורך אמתע ראַסאָווע פערד.

XX

## צוויי פערד

אַ חעט־לויף־פערד, באַפּוצט, באַצירט,
האָט אויפן וועג שפּאַצירט.
אינדעם דערזעט עס אַ געוויינלעך פערד
שלעפּט שווער אַן אַקער אויפן פעלד.
און ס׳פרעגט דער לויפער־העלד:
— „וואָס טוסטו חבר ? וואָס צערוּדערסטו די ערד ?"
„מען זאָל דאָ פרישן האָבער זייען.
דערפאַר וועט זיין נאָכדעם צו עסן זאַט
אפילו ווינטער אין די שנייען".
— „כאַ־כאַ־כאַ ! צעלאַכט דער לויפער זיך : „ביסטו אַ כוואַט,
און דאָך אַ גרויסער נאַר !
זע נאָר, איך גיי ליידיק, לעב אָן צער.
לויף אַרום מיר, ווי אַ האָז אַ יינגער
און פונדעסטוועגן שטאַרב איך נישט פון הונגער".
— „איך אַרבעט שווער מיט כּוח.
האָב קיינמאָל נישט קיין רו,
כּדי אַזעלכע ליידיקגייער, אַט ווי דו,
זאָלן פאַשען זיך דעם בויך".

## XXI

## די מחלוקה צווישן הענער

מ׳האָט הענער אין אַ שטייג אַריינגעלאָזן.
באַלד האָבן זיי זיך אָנגעבלאָזן,
געשלאָגן זיך, געשטאָכן,
אין די גרגרתן אַריינגעקראָכן,
געקרעלט זיך און געביסן,
די רויטע קעם אַראָפּגעריסן.
דאָס בלוט, ווי אין אַ שעכט־הויז רינט.
דערהערט אַ דינער, קומט ער אָן געשווינד
און זאָגט צו זיי: — „איר מעגט זיך שעמען,
צו שלאָגן זיך, ווי ס׳פּעבל, דאָס געמיינסטע“.

— „כ'וועל לאָזן זיך, וואָס מיינסטו,
ער זאָל זיך אַלע הינער נעמען,
און ער אַליין זאָל זיין דער אויבן־אָן״ ? ! —
צעשרייט זיך יעדער האָן.
— „כאַ־כאַ ! דאָס איז אַ שפּאַס !״ —
צעלאַכט זיך שטאַרק דער דינער :
„עס זענען דאָך אין שטייג נישטאָ קיין הינער״.
די הענער ווערן מער אין כעס :
— „דו ווייסט אַ פייג.
עס קענען אָבער מאָרגן הינער זיין אין שטייג״.

---

נישט איינמאָל רייסן לייט זיך בײַ דער נאָז,
ווען ס'איז נישטאָ נאָך איבער וואָס.

XXII

## ווײַן און ביר

אויף אַ שיף,
ברייט און טיף,
מיט אַ הויכן גאָרן,
איז געפירט געוואָרן
אָן אַ שיעור
פלעשער ווײַן און פעסער ביר.
די אַנטאַלקעס — ברייט און דיק,
אָן אַ שיק
און די פלעשלעך, שמאָל און לאַנג,
ווי אַ זאַנג:
ליגן זיך די פעסלעך ביר
מיט די פולע פענץ.
נישט קיין ריר,
פרייכן. ווי די גענז:
— „ס'איז שוין גאָרנישט ווייט
אונזער וועג און ציל,
ס'וועלן לייט
זעצן זיך אַרום אונז פיל;

פּלוידערן, שמועסן.
און מיר,
וועלן גיסן
ביר נאָך ביר".
און די פלעשלעך שטייפע שטייען,
ווי דער האָן
באַם קרייען,
רעדן מיט אַזוי אַ טאָן:
— „אויף די רייכסטע טישן,
זענען מיר דער ראש וראשון.
ס'טרינקען אונז נאָר איידל־לייט.
ס'פּעבל איז אונז ווייט".
זייערע ווערטער האָט אַ וואַל געהערט,
האָט ער די געטרענקער נאָכגעיאָגט
און צו זיי אַזוי געזאָגט:
— „ווייַן און ביר האָבן איין דעמזעלבן ווערט
פאַר דעם מענטשס מוח.
סיי דעם אַדל, סיי דעם פּראָסטן, אָרעם, רייך,
שטעלן די משקאות גלייך,
אויף דער זעלבער הייך".

XXIII

## צוויי ביכער

אין אַ הויפּט־גאַס, אין דער שענסטער,
אין אַ ביכער-אויסשטעל־פענצטער,
האָט מען אויסגעשטעלט צוויי ספרים:
איינס פון גאָר אַ גרויסן ליטעראַט,
דאָך אַרויסגעגעבן אָרים;
מיט אַ פּראָסטן שער־בלאַט,
אויף געוויינלעך פּאַפּיר געדרוקט.
נישט געבונדן, אומגעשיקט.
ס'צווייטע — פון אַ גראַפאָמאַן,
באָר אַ רייכן מאַן.

האָט ער פאַר זיין אייגן געלט
אונזער וועלט
מיט זיין בוך באַגליקט.
— „כ'בין אויף פיין פאַפיר געדרוקט".
האָט דאָס רייכע ספר זיך גערימט:
„שיין באַפוצט,
באַבלומט
און מיט גאָלדענע אותיות איינגעקריצט,
אָבער דו, וואָס פאַר אַ פרצוף האָסט?
אָרעם, פּראָסט".
אויף דעם גאַנצן „שפּרוך"
האָט געענטפערט ס'גוטע בוך:
— „איידער כ'זאָל פון אויבן זיין באַצירט
און פון אינעווייניק אָנגעשמירט,
בין איך בעסער אָרעם אין געשטאַלט
אָבער רייך אין אינהאַלט".

## XXIV

## דאָס איידעלע פעלד

ס׳גראָז באַגרינטע פעלד
האָט דער קו אַקייגן זיך געשטעלט:
— „מילא, אַז דו האָסט פון מיר אַ הנאה
האָב איך נישט צו דיר קיין טענה,
ווייל איך בין צופרידן, וואָס כ׳בין ראוי,
אַז די גרעזער מיינע
ווערן אין געשמאַקער מילך פאַרוואַנדלט.
אָבער כ׳ווער פון דיר געמיין באַהאַנדלט:
שטעלסט אויף מיר
דיינע פיס

איינגעריכט מיט צואה מיאוס.
וואָלסט זיי פריער
אָפּגעוואַשן ריין.
אָדער זאָג אַליין,
איז דאָס שיין,
ווען דו שטעלסט זיך דאָ אַוועק,
הייבסט דעם עק,
מאַכסט אויף מיר נקיות״.
און געענטפערט האָט די קו אָן שהיות.
— „ווען מען וואָלט נישט מיט מיין מיסט,
וואָס איז דיר אַזוי פאַרמיאוסט,
ווינטער דיך באַדעקן,
גלייב מיר — אַלע ווייסן:
וואָלסטו נישט געהאַט זיך אַיאַז מיט וואָס צו גרייסן!״

XXV

## דער ראַט און די מויז

א ראַט האָט איינמאָל אין אַ נאַכט
אַ תּל אין שפּייזקאַמער געמאַכט:
דאָס ברויט צעהאַקט, דאָס פלייש צעביסן,
דאָס זעקל מעל צעריסן,
די פּוטער אויפגעפרעסן,
אָן איינגעמאַכטס אפילו נישט פאַרגעסן.
די באַלעבאָסטע, ווען זי האָט דאָס דערזען,
האָט זי זיך אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ: אַ בראָך איז איר געשען!
אַ היזק פון אַזוי פיל געלט!
און באַלד האָט זי אַ פאַנג־שטייג אָנגעשטעלט.
איז אָבער אויפגעלייגט אַן אומגליק אויף אַ מויז
און קריכט אַריין און קען שוין נישט אַרויס.
קומט אָן דער ראַט,
דערזעט ער שטיין אַ הייזל,
פון וועלכן ס'שרייט צו אים אַרויס אַ מייזל:
— „דו האָסט זיך אָנגעפרעסן זאַט,
פאַרוואָס זשע זאָל די שטראָף דיך מיידן

און איך זאָל ליידן?״
באַר יענער האָט אויף דעם א פשט:
— „ס'איז ריכטיק דיר געשען,
מיין פריינד.
עס פירט אַזוי זיך אויף דער וועלט.
גם ווערט די שטייג געשטעלט
אויף יענעם, וואָס איז נעכטן דאָ געווען,
געכאַפּט ווערט אָבער דער, וואָס איז געקומען הייגט״.

---

אַ מויז, אַ נאַר,
האָט נעבעך צער.
בא מענטשן איז דאָס נישט קיין נייס.
עס קומט אָפּט פאָר
אַזוי אַ גרייז,
אַז פאַר אַ קיי און שפּיי,
זיצן אומשולדיקע אין דער תפיסה גאַנצע יאָר
און מערדער זענען אויף דער פריי.

XXVI

## די וואָנסעס און די פאות

געפאָרן איז אַמאָל אין באַן
אַ שטאָלצער „יאַשניע פאַן",
אַ רויט פרצוף, פולע באַקן,
אויסגעפּאַשעט האַלז און נאַקן;
וואָנסעס לאַנגע, שטייפע שפּיצן.
דערלעבן איז געזיצן
אַ ייד — אַ הדרת פנים, קלוגע אויגן,
אַ שאַרפער מוח;
דער שטערן ברייט און הויך.
דעם פּריצס וואָנסעס, בייז און אָנגעצויגן,

דערזען דעם יידס ציטערדיקע פּאות
און רופן אויס: — „אַז אָך צו אייך און וויי איז!
איר הענגט באַם קאָפּ,
ווי עקן צוויי אַראָפּ;
צעקנייטשט, צעדרייט,
צערודערט און צעשפּרייט;
ס'קוקט יעדערער אויף אייך מיט ביטול;
איר וואָלט זיך כאָטש געשעמט
און זיך באַהאַלטן אונטערן היטל.
זעט, ווי מיר פאַרבערשטלט זענען און פאַרקעמט,
כאָטש נעם אַ ווירע.
מיר דריקן אויס דעם מענטשנס צורה,
שטאָלץ, גבורה!"
און ס'ענטפערן זיי די פּאות:
— „אין אונזערע קרייזעלעך ליגט שאַרפער מוח,
אין אייער שטייפקייט — פּראָסטער כּוח
פּוסטע גאות".

## XXVI

## די מחלוקה פון שאַך־מאַט

ס'האָבן זיך אַמאָל צעקריגט געהאַט
די פיגורן פון שאַך־מאַט.
יעדע האָט זיך שטאָלץ געשטעלט,
אַז זי שפּילט די גרעסטע ראָלע אויפן פעלד.
— „דרך ארץ!" — רופט די מלכּה אויס:
„ס'ווייסט די גאַנצע וועלט,
אַז ווען איך רוק זיך נאָר אַרויס,
ציטערט אויף דער שאָך".
— „מאַך זיך נאָר נישט גרויס!"
כאַפּט זיך אויף דער ראָך:
„צום מיינסטן טוט מיט מיר דער מלך אויף,
ווען איר אַלע זענט פון פעלד אַראָפּגערוימט
און דאָס שפּיל דערנענטערט זיך צום סוף.
דעמאָלט שטעל איך זיך בּאַם מלכס צד,
בּיז דער קעגנער ווערט אַרומגעצוימט
און געמאַט".
- „פונקט פאַרקערט!"
איז אַרויסגעשפּרונגען ס'פערד,

בייז גענומען שרייען אויף די ראָכן:
— „איך ברענג תּמיד אַ נצחון,
ווייל כ׳שפּרינג אַלעמען אַריבער,
און דערפאַר האָט מיך דער מלך ליבער".
נאָר צום מיינסטן האָט געוואָרפן זיך דער זקן:
— „שטילער! כ׳גיב זיך שוין אַ רוק!
פאַר מיין שאַרפן בליק
ווערט דער שונא באַלד דערשראָקן".
פון די אַלע קריגערייען און געוואַלטן
האָט דאָס פענדל ווייט אינגאַנצן געהאַלטן,
שטיל געלעגן, צוגעהערט
און אַזוי געקלערט:
— „מיך, געוויינלעך פענדל,
שיקט מען ס׳ערשטע אויפן פראָנט:
כ׳ווער פאַרטיליקט, ווי אַ שפענדל,
און פאַרגעסן, ווי עס וואָלט מיך קיינער נישט געקאָנט.
שפּעטער קומען אָפיצירן, גענעראַלן,
פויקן, רימען זיך און שאַלן,
אַז אַ דאַנק נאָר זייערע חכמות און גאונות
האָבן זיי דערגרייכט נצחונות".

## XXVIII

## דער אומגעבעטענער באַש׳בער

אַ הויף מיט שעפסן, האָבן הינט געהיטן.
דעם וואָלף פאַרפעלט דאָך אָבער קיינמאָל נישט קיין אַפּעטיטן,
פאַרגלוסט זיך אים אַ פעטן ביסן כאַפּן.
נאָר ווי אַזוי געלינגט עס דורך דער שטאַרקער וואַך
זיך דורכצורייסן ? !
די הינט — זיי וועלן בייסן,
דער פאַסטוך קלאַפּן
און ער איז נעבעך פון תּעניתים שוואַך.
געקלערט, געטראַכט
אַ טאָג, אַ נאַכט,
און וועלוועלע, אַ כוואַט,
האָט גלייך געפּאַקט אַ מיטל פיין און גלאַט:

ער האָט פאַרשטעלט זיך באַר אַ הונט,
אַרויפגעדרייט דעם עק געזונט,
דעם נאָמען „שיצער" אָנגענומען
און צו דעם שעפסן־הויף געקומען.
נאָר כּדי מען זאָל אים האַלטן,
פאַר גאָר אַן עכטן הונט, אַן אַלטן,
האָט ער זיין ראָלע קונציק, פיין געשפּילט
און חוצפּהדיק זיך הויך צעבילט.
און דאָס האָט אים פאַרראַטן באַלד:
די סטאַדע האָט דערקענט זיין אמתדיק געשטאַלט.
— „ווילקאָמען, פריינד, ברוך הבא!
וואָס טוט איר דאָ?"
מיט חוזק פרעגן אים די שעפסן.
און דער פאַרשטעלטער ענטפערט מיט אַ גרעפּסן:
— „איך בין געקומען אייך באַוואַכן".
— „באַוואַכן?" הייבן אַלע אָן צו לאַכן:
— „זייער שיין.
נאָר זאָג אונז, ווער וועט שיצן אונז פאַר דיר אַליין?..."

XXIX

# אַ מיידל, אַ מפונקת

אַ מיידל האָט באַשלאָסן,
אַז נעמען וועט זי נישט קיין אַנדערן חתן,
ווי אַ געליבטן: אַ היינטיקן פּאַצעט,
געגאָלט די באָרד און וואָנסן,
געקליידט מאָדערן, פיין און נעט;
אַ מיידל זאָל ער גוט באַנעמען,
אַ פעטן וויץ דערציילן זיך נישט שעמען.
שדכנים רייסן אָפּ די טירן,
אַ שידוך ווילן זיי מיט איר אויספירן,
נאָר פון געשדכנטע זי וויל לגמרי גאָרנישט וויסן.
אַז דעם פעלט דאָס;
און דער שנייצט גוט נישט אויס די נאָז;
אַן אַנדערער פאַרקרומט זיך גאָר באַם ניסן.
— „כ'האָב נישט געמיינט
אַזעלכע לייט!
אַ שפּאַס דאָס וואָלטן זיי מיין לעבן מיר באַלוינט.
איך האָב נאָך צייט.
עס פּאַסט איך וואָלט גאָר האָבן חתונה געציטערט.

דאָס מיידל־לעבן איז מיר נישט פאַרביטערט.
דער טאָג — גייט פריילעך דורך אָן זאָרגן,
די נאַכט — איך שלאָף מיר רויק ביז פרימאָרגן.
איך לעב אָן צער, אָן ווייטיק.
היינט ענדערן מיין לעבן האָב איך גאָרנישט נייטיק".
ס'פאַרשווינדן טעג, חדשים, יאָרן,
און אונזער מיידל איז געוואָרן
שוין גאָר אַ שפּאָרע.
זי קוקט זיך איין אין שפּיגל
און, אוי אַ צרה!
זי זעט דעם זיגל,
וואָס ס'האָט אויף איר געלייגט די צייט:
בישטאָ די רויטע פאַרב, דער גלאַנץ אין די אויגן,
דער חן איז לאַנג אַוועקגעפלויגן.
די יוגנט איז אַוועק שוין ווייט.
עס ווילט זיך איר שוין תּנאים שרייבן.
נאָר איצט איז שווער,
שדכנים קומען שוין נישט מער.
און יינגעלייט —
זיי קוקן זיך אויף איר נישט אום.
און איידער אַ פאַרזעסענע צו בלייבן,
האָט זי גענומען אַ בעל־מום:
אַ הויקער אַ געזונטן,
פון פאָרנט און פון הינטן.

# XXX

## אַ כּפּרה

אויף קהלס הויף איז
צווישן עופֿות
אַרומגעגאַנגען שטאָלץ אַ גרויסער האָן,
אַן עזות פּנים, אַ בעל גאוה,
און די עופֿות צרות אָנגעטון:
דערגאַנגען זיי די יאָ־ן,
גענומען זיך די דעה,
אַ גאַנצער מאַכער דאָרט געוואָרן,
אין זיין האַנט געהאַלטן זייער לעבן.
זיי האָבן כּבוד אים געמוזט אָפּגעבן,
ווי דעם גרעסטן גאון:
געמוזט אים היטן,
געזעצט אים אויבן־אָן,
גערופֿן אים ר' האָן!
און אַז די עופֿות האָבן צופֿיל שוין געליטן,
האָבן זיי גענומען קלערן,
ווי פֿון דער פּגע פּטור ווערן.
מיט איינמאָל רופֿט זיך אָן אַן עוף:

— „מען דאַרף זיך עצהן מיטן רב.
איך האָב געהערט דערציילן שבחים,
אַז ר׳איז אַ גרויסער חכם״.
די עופות איז געפאַלן דער געדאַנק
און, נישט געטענהט לאַנג,
נישט אָפּגעשטעלט זיך פאַר קיין שרעק
צום רב אַוועק.
דער רב האָט אַלץ אויסגעהערט
און אָט אַזוי אַן עצה אויסגעקלערט:
ווען עשרת־ימי־תשובה האָט זיך אָנגערוקט,
האָט ער צו סליחות נאָך דעם האָן געשיקט
און אים געזאָגט: — „הערט אויס, ר׳ האָן,
יום־כּפּור רוקט זיך אָן,
דער טאָג, ווען דאָס בית־דין של מעלה
צו משפּט שטעלט אונז אַלע,
עס ווערט געחתמעט אין די ספרים,
וועמען מ׳זאָל די זינד פאַרגעבן;
ווער ס׳זאָל חלילה שטאַרבן און ווער לעבן;
ווער ס׳זאָל זיין אָרעם
און ווער אַן עושר.
אָט צו דעם יום הדין,
וויל די קהילה שיקן אייך אַהין,
אַז איר זאָלט זיין איר מליץ יושר,
עס זאָלן העלפן אונזערע תּפילות, אונזערע סליחות״.
דער האָן, אויסהערנדיק די רייד,
אַז מ׳וויל אים איבערגעבן אַזאַ שליחות,
האָט פאַר גרויס פרייד
זיך הויך צעקרייט:
— „אַ קוקעריקו! איך בין גרייט.
איר וועל באַמיען זיך, אַז אין מיין זכות
זאָלט איר אַ גוטן פּסק באַקומען.
דער רב האָט באַלד דעם האָן גענומען,

געבונדן אים די פיס,
כפרות געשלאָגן,
און קהל
האָט פרום געמורמלט נאָכזאָגן:
— „זה כפרותינו,
זה חליפותינו,
זיי אַ כפרה פאַר כל עם ישראַל".

---

אוי, אפשר ווייסט איר פון אַזאַ מין רב,
וואָס קאָן
מיט אונזערע כלל־טוער מאַכן אַזאַ סוף,
ווי יענער מיטן האָן.

# אַ פערדס=האָטעל

מען האָט אַ פערדס-האָטעל געשטעלט
פאַר רייכע פערד,
וואָס זענען ווערט
מטמונים געלט.
מיט איינמאָל איז אַן אַרבעטס=פערד געקומען,
וואָס האָט אַן אָנטייל אין דעם בוי גענומען,
געשלעפּט די ציגל, קאַלך און ליים.
איצט וויל ער אַלס זיין היים
אַ שטוב אין דעם האָטעל באַקומען.
— „ציי האָסטו נישט געהערט,

אַז דער האָטעל
געבויט איז ספּעציעל
פאַר חשובע און רייכע פּערד ? !"
שרייט אויס דער דינער ביין:
און דו ביסט שמוציק, שטינקסט פון שווייס.
עס שלאָגט פון דיר די גרינע גאַל.
דיין אָרט איז נאָר די שטאַל".
און ס׳פערדל האָט געענטפערט מיט עניוות:
— „עס ווענדט זיך ווער ס׳האָט מער חשיבות.
צי איך, וואָס אַרבעט שווער אין שפּאַן און פּלאָג
און מוז מיין ברויט מיט שווייס געניסן,
צי יענע, וועלכע פון מיין פּראַצע נאָר געניסן
און לעבן זיך אַ גוטן טאָג".

XXXI

## די מייז אין כליח

אין אַ חזיר־שטאַל, אַ סליח,
אין די לעכער, אין די שפּאַלטן,
האָבן מייז זיך אויפגעהאַלטן.
צוגעקוועטשט, נויפגעדריקט,
דאַר און מאָגער, ווי אַ גריוו;
ס'לעבן אין זיך פראָסט דערשטיקט,
פּלוצלינג האָט די טון פון לעבן
ווי אַ שטראַל אַ וואָרף געגעבן,
און עס האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ מויז:
פון די לעכער קריכט אַרויס!
נישט געציטערט, נישט געשרעקט.

אונזער לעבן, אַלע יאָרן ווערן דאָ געעקט.
זייט זיך מכין!
צו אַ בעסער לעבן מוזן מיר דערגרייכן".
— „פון די לעכער? וועלכע לעכער?"
רופט זיך אָן אַ צווייטע מויז:
— „דאָ איז אונזער הויז!
דו ווילסט זיכער
אונז פאַרפירן.
ניין, מיר מוזן רק דאָ זיצן.
ווי דער שוויין זיך פירן
און ווי ער אויך פאָנפען, כריצן.

---

זאָג מיר, מייזל, זאָג בחרם,
— ביסט דאָך גאָר אַ גאַנצער מאַכער —
אַז קיים איז מען מאַנק חזירים,
מוז מען ווערן אויך אַ דבר אחר?...

# XXXIII

אַמאָל איז אויפגעוואַקסן אויף אַ דאָרן אַ רויז
און זיך געהאַלטן גרויס:
— „הגם איך בלי צווישן דערנער,
מיאוסע, שטעכיקע, ווי הערנער,
דאָך בין איך אַ יפת־תואר
און שמעק, ווי שמן המואר.
ווייל מײנע בלעטער — לאָקן־קאַרבן —
באַצירט זענען מיט די שענסטע פאַרבן,
ווי דער רעגנבויגן.
עס גלוסט נאָך מער מענטשן־אויגן,

עס ווילן לייט מיך פאַנגען,
זיי קענען אָבער נישט צו מיר דערלאַנגען".
עס האָבן טאַקע מענטשן־הענט
נישט בלויז נאָר נישט געקענט
צוליב די דערנערס שאַרפע שפּיצן
די בלום באַרירן,
מיט איר זיך צירן,
נאָר אויך נישט פלעגן
און מיט אַ ביסל וואַסער זי באַשפּריצן,
ווען ס'האַלט זיך אויף אַ רעגן.
און זי איז איינגעדאַרט געוואָרן,
ווי דער דאָרן.

1

## אַ קבלת־פּנים דעם נאַכטיגאַל

געווען אַמאָל, נישט היינט געדאַכט, אַ פּעסט
פון בעלער און באַנקעטן
פאַר אַמעריקאַנער געסט,
די זשורנאַליסטן און פּאָעטן.

---

אין וואַלד אַ שמחה, אַ גערודער,
אַ פריילעך לוסטיק ברומען,
ווייל ס'איז דער נאַכטיגאַל פון ווייט געקומען
און וועט באַשענקען זיי מיט זיינע לידער.
אַ גרויס קבלת־פּנים, גאָר אַן אומגעהויערער,

האָט אויפגענומען דעם משורר.
דאָס נייעס האָבן אויך דערהערט
די אָקסן, אייזלען און די פערד,
און האָבן זיך צונויפגענומען
דעם נאַכטיגאַל אַקייגנקומען
בתופים ובמחולות,
משונהדיקע קולות,
העויות אַלערליי.
— „וואָס זענט איר מיט מיר פאַר אַ מחותנים,
צו מאַכן מיר אַזאַ קבלת־פנים ?" —
פרעגט דער סאָלאָוויי.
און ס'ענטפערט אים דאָס אייזל:
— „מיר זענען אויך אַ מוזיקאַליש קרייזל".

II

## דער פֿוקס און דער וואָלף

ס'האָט אַמאָל אַ פוקס, אַ היצעל,
אָפּגעטון אַ שפּיצל,
אויסצונאַרן
העזעלעך געכאַפּטע פון אַ וואָלף אַ דאַרן.
דער חכם איז צו אים געקומען
און רימען פאַלש גענומען:
— „פון סאַרע יחוס, סאַרע שטאַם
דו קומסט אַרויס:
קיין גלייכן איז נישטאָ צו דיין משפּחה;
דיין פאָטער איז געווען גרויס,
מיט מדות טובות אָנגעזאַפּט וו'אַ שוואַם.
זכרונו לברכה!"
דער וואָלף האָט אָבער באַלד פאַרשטאַנען,

אַז אין די ווערטער איז אַן אַנדער מיין פאַרהאַנען,
און דעם בר־נש אַ פרעג געטון אַ גלאַטן:
— „צי האָסטו כאָטש געקענט מיין טאַטן?"

---

אַ גרויסער דיכטער איז געשטאָרבן ליידער.
נו מילא, אַז עס איז אַזוי באַשערט,
זאָל גרינג אים זיין די ערד.
נעמען אָבער זיך פאַרשווינדעלעך כסדר,
ווער עס האָט אַ האַנט, אַ פוס,
באַוויינען אים באַקלאָגן,
מזמורים זינגען, בלעקן,
רבנן־קדיש נאָך אים זאָגן,
כדי אין זיינס אַ זכות
אַ ביינדל אָפּצולעקן.
און ס'ווילט זיך באַ דער חברה פרעגן:
איר שטעלט זיך פאַר דעם נפטרס וועגן,
איר מאַכט מיט אים אַ גאַנצן ווען,
האָט ווער פון אייך אים רעכט געלעזן?

III

## אַ פּאַפּוגאַי און אַן אַרטיסט

אַ פּאַפּוגאַי
פּאַלט אָן אויף אַן אַקטיאָר:
— „וואָס איז מיט דיר ס'געשריי:
מען ליובט דיך גאָר,
אַז דו שטעלסט קונסטשטיק פּאַר;
דו מאַכסט נאָך יעדן
זיין גאַנג, זיין רעדן.
אַ גרויסע זאַך,
אַ קלייניקייט, אַ שפּאַס!
אַז איך מאַך נאָך דעם מענטשנס שפּראַך,
ווערט שוואַרץ די גאַס.

עס קומען גרויס און קליין מיך הערן,
פאַר דעם דאַרפסטו באַרימט צו ווערן
און כבוד האָבן אָן אַ שיעור?
וואָס איז דער חילוק צווישן דיר און מיר?"
און ס'ענטפערט דער אַרטיסט:
— "דו ביסט גערעכט, האָסט צער אומזיסט.
דער חילוק צווישן אונז איז נאָר דאָס איינע,
וואָס דיר ווערט אויסגעבויט אַ שטייג אַ שיינע.
אָבער פאַר מיין קונסטשטיק שפּילן ווערן אויפגעשטעלט
די גרעסטע טעמפּלען אויף דער וועלט".

---

איך בין געווען אַליין
אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַרטיסטישן פאַריין,
— נישט היינט געדאַכט —
און צוגעהערט צו די מחלוקות און געוואַלטן
צווישן דעם אַקטיאָר, דעם יינגן און דעם אַלטן,
און האָב דעם משל אייך געבראַכט.

IV

## די גוטע בשורה

ר׳ מרדכילען.

— „מייז און שרצים, פוקסן, בערן, אייזלען, פערד!
האָט איר כאָטש די גוטע בשורה שוין געהערט?
ווייסט איר פון דעם גליקלעך גרויסן טרעפעניש?
ס׳איז געשטאָרבן דאָס צווייפיסיקע באַשעפעניש,
וועלכעס האָט אונז תמיד צרות אויסגעטיילט:
מיאוסע מעשיות פאַר דער וועלט אויף אונז דערציילט,
חוזק פון אונז אַלע נאָר געמאַכט
און פון שטאַרקן לייב אפילו אָפּגעלאַכט!"
דאָס האָט, קומענדיק צו לויפן שנעל, דערציילט אַ מויז
פאַר די חיות פון דעם וואַלד.
און אַ שמחה איז געוואָרן באַלד,
פריילעך האָבן אַלע אויסגערופן: „איצט שוין אויס!
מער וועט ער אויף אונז קיין שלעכטס נישט שרייבן,
מיט זיין לאַכן מער נישט פון דער וועלט אונז טרייבן;
אָטעמען וועט איצטער יעדער קענען מיט אַ פולער ברוסט
און פריי זיך מוטן אַלץ, וואָס אים נאָר גלוסט!"
פלוצלינג שפרינגט דער פוקס אַרויס:
— „כ׳האָב אַ שאלה.

הערט מיך אַלע
אויס.
זענט איר זיכער, אַז מיט דעם, וואָס ער,
כ'מיין דער בייזער לאַכער, לעבט נישט מער,
וועלן מיר פון אים קיין צער שוין מער נישט האָבן?"
— „אוי, עס פעלט אַ קליעפּקע דיר אין קאָפּ!"
האָט די מויז געענטפערט גראָב:
„ר'איז דאָך שוין אין דר'ערד באַגראָבן!"
און דער חכם, גאַרנישט אויפגערעגט,
האָט דאָך ווייטער זיך געפרעגט:
„און די מעשיות, וואָס ער האָט אויף אונז געשריבן,
איז קיין איינציקע פון זיי געבליבן?
האָט מען זיי אים אַלע מיטגעגעבן?"
אויף אַזאַ מין שאלה, כ'לעבן,
האָט דאָרט קיינער נישט געוואַרט,
און, דעם קאָפּ צו דר'ערד געבויגן,
האָט זיך יעדע חיה אויף איר אָרט
אין איר נאָרע צוריקגעצויגן.

V

## דער הונט, וואָס בילט אויף אַ באַפרייטן פויגל

אַ פויגל, וועלכער האָט גענעסטעט אויף אַ צווייג,
איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין אַ שטייג.
כאָטש ער איז דאָרט אַ לאַנגע צייט געזעסן,
דאָך האָט ער זיין אַמאָליק לעבן נישט פאַרגעסן.
געזונגען לידער וועגן עבר
און זיס געחלומט שטילערהייט,
צו וואוינען ווידער אויפן בוים
און פליען פראַנק און פריי אין הימל־רוים.
אַ הונט, אַ שאָווער,
וואָס איז געוואוינט געווען צו דער קייט,
האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס געזאַנג
און אָנגעפאַלן אויף דעם פויגל מיט געביל:
— „זיי שטיל!
דערמאַן נישט דאָס, וואָס איז געווען שוין לאַנג.
ס'איז ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי.
ב'פאַרשטיי נישט, וואָס עס טוט דיר וויי.
וואָס פעלט דיר דאָ?
דו האָסט צו עסן דאָך צו זאַט

צו יעדער שעה.
בכן, איז טאַקע דאָ דיין היים,
נישט דאָרט אין נעסט, געבויט פון שטרוי און ליים,
באַדעקט מיט אַ געדיכט בלאַט.
און איבער דעם פאַרגעס!
איך וועל דיך פון דער שטייג אַרויס נישט לאָזן".
און פלוצלינג איז געשען אַ נס:
אַ שטאַרקער ווינט האָט זיך צעבלאָזן
און אויפגעריסן ס'טירעלע פון שטייגעלע.
באַפרייט איז שנעל אַרויס דאָס פייגעלע
און פרייליך ווייט אַוועקגעפלויגן.
דער הונט איז גאָר געפּלעפט געוואָרן,
מיט בלוט פאַרלאָפן זענען אים די אויגן.
וואָס איז? האָט ער זיין מאַכט פאַרלוירן?
אָ ניין! ער וועט נישט רוען, שטילן;
ער האָט אַ מיטל נאָך: צו בילן!...

VI

## דער נייער כאָר

נאָך אַ חושכדיקער נאַכט
האָט דער האָן אַ האָפּערדיקער אויפגעוואַכט,
אַ שלשלת אויסגעקרייעט מיט גרויס התפּעלות,
ווי אַ חזן באַ די יעלות,
און צונויפגערופן אַלע עופות:
— „זעט עס איז געשען אַ מופת!
די זון האָט אויפגעלעבט.
און זי שוועבט
אויף דעם בלויען הימל ווידער.
זייט זיך מכין, ברידער,
צו דעם גרויסן ליכט אַ מזמור זינגען,
אין איין קרענצל הודי שפּרינגען”.
און די עופות, גאָרנישט פויל,
האָבן זיך צעסדרט, ווי אַ כאָר אין פעלד,
שטייף די גאָרגלס אָנגעשטעלט
און געזונגען מיט דעם אמתדיקן קול.
מיט דעם גאַנצן כאָר פירט אָן
מאווהדיק דער האָן.

סאָליעס זינגט ער, נעמט אַ טאָן,
כאַטש פאַרהיט די פייקלעך פון די אויערן;
ווערן נישט די גענצ פאַרלוירן,
גאַגערן נאָך העכער;
ווילן אינדיקעס זיי אַלע איבערשרייען.
הכּלל, וואָס זאָל איך לאַנג
ברייען,
ס'איז געווען אַ געזאַנג
אויף בוידעמס און דעכער.
אַ מערכה, וואָס די זון וואונט זיך ווייט
פון דער זינדיקער ערד
און זי האָט
דעם קאָנצערט
נישט געהערט.
אַנדערש, מיינע ליבע לייט,
ווייסט איין גאָט,
וואָס עס וואָלט מיט איר פּאַסירט.

---

מיך האָט ס'אומגליק יאָ געטראָפן:
כ'האָב געהערט „די זינגער פון דער נייער צייט"
און זאָל גאָט מיך פאַר די רייד נישט שטראָפן!
שוין צו אַלע מומחים פון דער וועלט געלאָפן
און נאָך אַלץ די אויערן זיך נישט אויסקורירט.

VII

## דאָס פֿאַרמשפּטע בוך

מיין פריינט ש. האָראָנטשיק

אין אַ גמינע־קאַנצלעריי
האָט אויסגעבראָכן אַ געטומל, אַ געשריי
צווישן די פֿאַרשטויבטע ביכער און פּאַפּירן.
ביז איצטער האָבן זיי געלעבט זיך רויק שטיל,
עס איז קיין פרעמדער נישט אַריבער זייערע טירן.
און פּלוצלינג האָבן זיי געפֿונען דאָרט אַ פּסול:
אַ ביכל נישט קיין גרויסעס,
מיט קליינע אותיות,
אַ בלוי שער־בלאַט, נישט געבונדן.
— „דאָס ספר מוז פֿון אונז פֿאַרשוואונדן!

וואו קומט ער דאָ, מיט וואָסער רעכט?
אַריינגעריסן אומגערעכט!
אַזאַ מין חוצפּה! אונזער נאָמען ווערט פאַרשוועכט
שטעלט אים צום גערי־כט! צום געריכט!"
און מ'האָט געמאַכט אַ משפּט אין דער גמינע־שטוב.
מיטן גאַנצן קלאַפּגעצייג:
אַ פּאַרזיצער, אַ פּראָקוראָר, אַן אַדוואָקאַט.
מען האָט געפּאָרשט, געדרשנט און געלערנט פּשט.
צום סוף אַרויסגעשטעלט
אַ פּסק אַ שאַרפן,
דעם חוצפּהניק אַרויסצוואַרפן
אַ גליק האָט אָבער ס'בוך געטראָפן,
אַ שטורעם־ווינט איז אָנגעלאָפן,
עס צעטראָגן אויף דער גאַנצער וועלט.

VIII

## דעם פוקס טויט

ד. נאָמבערגן

ווילסטו, אַז עס זאָלן דיינע פיינט
אויף גוטע פריינד
זיך איבערקערן,
זאָלסטו מיט דעם מלאך־המוות חבר ווערן.

---

אַ פוקס אַן אַלטער האָט דעם מאָגן זיך פאַרדאָרבן
און געשטאָרבן.
(מילא. גרעסערע חכמים טוען אָפּ אַזאַ מין שטות).
דער גאַנצער וואַל־
איז באַלד
געשטעלט
געוואָרן אויף די פיס —
אַ קלייניקייט!
דער אַלטער פוקס האָט פון דער וועלט
זיך אָפּגעשיידט!
און מ׳האָט אים איינגעאָרדנט אַ לוויה
בכבוד גדול. ס׳איז געקומען יעדע חיה,
פון קליין ביז גרויס.

פון העלפאַנט ביז דער מויז.
אַז ס'איז געקומען צו הספדים,
האָט ס'ערשטע קודם
אַן אינדיקל, אַ גאָגער.
אַ גרויסער הספד־זאָגער,
אַוועקגעשטעלט זיך מיט פּאַראַד,
געמאַכט פאַרטרויערטע העויות
און אויסגערעכנט פאַר די חיות
דעם נפטרס מעלות, יעדן גוטן טאַט,
וואָס ר'האָט געטון בּאַם לעבן.
בּאַם סוף האָט ס'אינדיקל אַ שלאָכץ געגעבן
און אויסגערופן מיט פאַרחיינטע אויגן:
„עס יאָמערט אין אונז יעדעס אבר,
מיר שטייען מיט די קעפּ געבויגן
פאַר דיין אָפן קבר".
— „פון ווען ביסטו זיין גוטער פריינד?" —
האָט אים אַ פרעג געטון דער נאָזהאָרן.
דער אינדיק איז צעמישט געוואָרן
און זיך אַרויסגעכאַפּט: — „פון היינט".

## IX

# די פלעדערמייז, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט דער זון

געווידמעט מיין קרוב ד״ר ש. א. פאָזנאַנסקי ז״ל צו דער
„אגודהס״ קאַמף קיינן אויסוויילן אים אלס וואַרשעווער רב.

אַ מחנה פלעדערמייז, אַ פינצטערע חבריא,
נישט פויגל און נישט חיה,
וואָס מוז זיך פאַר דעם אור־היום באַהאַלטן,
האָט ערגעץ־וואו אין לעכער און אין שפּאַלטן
אַן אסיפה אָפּגעהאַלטן —
דער זון דעם גאַנג צו שטערן.
— „מען מוז זיך ווערן!
זי האָט געשטעלט זיך אונז אין וועג.
פאַרשוואונדן מוזן אירע העל־באַשטראַלטע טעג.
און הערשן זאָל די נאַכט.
דאַן האָבן מיר די מאַכט!״
אַזוי געדרשנט האָט אַ מויז:
„פאַרזאַמלט אייך פון קליין ביז גרויס,
איר פלעדערמייז, אין גאַנצע פאָלקן
אין מיט די פלעדערן, ווי אַ וואָלקן,
דאָס פנים פון דער זון פאַרשטעלט,
ביז אַן אפילה וועט אַרומנעמען די וועלט!״

און חברה האָט אַזוי געטון:
געשטעלט זיך צו אַ קאַמף, אַרויסגעטרעטן אין אַ שלאַכט
אַקעגן ליכטיקייט, אַקעגן זון.
דער רויטער ריזן־באַלעם האָט זיי אָבער אויסגעלאַכט
און ערגעץ פון אַ העק,
אַ פלאַמענדיקער, זיך באַוויזן
און שטראַלן, ווי די שפּיזן,
געוואָרפן גאַנצע פּעק.
די פלעדערדיקע ריזן,
דערשפּירנדיק אַ ברען אין פּלייצע,
פאַרגעסן האָבן אין דער קלוגער עצה,
דערשראָקן פלינק אַנטלאָפן,
און מיטן לעצטן אָטעם קוים געטראָפן
צוריק צו זייערע בוידעמעס און לעכער.

---

אָ, מייזלעך! ווען איר זיין שוין שטילער
און דאָס געדענקען אויפן גאַנצן לעבן,
אַז אויסער לייכטן קען
די זון אויך געבן
אַ גוטן ברען?

## X

# אַ גרוס פון יענער וועלט

אַז שלום־עליכם, אונזער ליבער,
האָט זיך אָפּגעשיידט פון לעבן
און נאָר קוים אויף יענער וועלט אַריבער,
האָט אַקייגן אים געגעבן
חוצפּהדיק דער שר פון שווינדזוכט הויך אַ שפּרונג,
אויסגעבלעקט אַ לאַנגע צונג,
אויסגעשטשירעט צוויי שורות ציין,
זיך צעכאָכעט מלא חן
און, ווי פייער, רייד געשפּריצט:
— „נו, וואָס זאָגסטו איצט?
האָסט באַם לעבן מיך געוואָלט באַזיגן
און אום צו פאַרלענגערן דיינע יאָרן,
ביסטו קיין איטאַליען דיר געפאָרן;
אָנגעטון זיך כל הפאַרגעניגן:
אין דעם ים זיך, ווי אַן אדון
אומגעשוואומען און געבאָדן;
באַ דער זון געפּרעגלט זיך, געבראָטן
און געקילט זיך אונטער פּאַלמען־שאָטן.

אָבער איצט וועסטו אַ זאַמד־באָד קריגן,
און אָט דאָרט באַ יענעם
פייער פון גיהנום
וואַרעמען זיך אַ פאַרגעניגן״.
שלום הערט דאָס אויס,
גיט נאָר בלויז
מיט דער האַנט אַ מאַך.
און אַ שמייכעלע, אַ זיסער לאַך,
רויק שוועבט אויף זיין געזיכט.
פלוצלינג אומגעריכט,
האָבן זיך באַוויזן צוויי געשטאַלטן:
איינער האָט אַ בייטש געהאַלטן
און דער אַנדערער אַ שטאָק אין האַנט.
— טיפן צוויי, וואָס זעבען אייך באַקאַנט,
טוביה דער מילכיקער און מנחם־מענדל
דער פאַרמוחטער איז להוט נאָך אַ רענדל. —
דער שר האָט גלייך פאַרשטומט
און פאַר כעס געברומט
אַ פּאָר ווערטער אין דער זייט:
— „כ׳האָב פאַרשפּילט דעם שטרייט,
כ׳מוז זיך אונטערגעבן,
שלום לעבט און ער וועט אייביק לעבן״.

I

## די מלחמה=צייטונגען

צוויי מלחמה=צייטונגען פון פיינטלעכע מלוכות
האָבן זיך געטראָפן.
— „אַ, וואָס מאַכסטו צו אַלדי רוחות ?!
איז דאָרט עפּעס וויכטיק נייעס זיך פאַרלאָפן ?“ —
פרעגט זיך ברייטלעך איין גאַזעט.
— „נייעס ?“ ענטפערט יענע : „פרעג נישט, גאַנצע שטויסן.
מיינע זענען שוין פאַרקראָכן.
העט, העט.
ביז די הרי-חושך אָפּגעשטויסן ;
דיינע
ריק און לענד זיי אָנגעבראָכן ;

מחנות אָן אַ שיעור צעקלאַפּט;
פינפציק טויזנט לעבעדיק פאַרכאַפּט".
— „טע־טע, אויך דו, הפּנים, האָסט מיט וואָס זיך צו באַרימען,
מיינע האָבן הונדערט טויזנט שטיק גענומען.
גאַנצע קופּעס טויט־געשאָסן;
דערפער, שטעט פאַרברענט, צעשטערט,
אויסגעגלייכט זיי מיט דער ערד".
דאָס באַרימעריי האָט איינער צוגעהערט.
— „הרגענען זאָל זיין אַ שבח,
אַ רום־זאַך?"
— האָט ער זיך געקלערט: —
„אַזש אויף ליגנט זאָגן ווערט?"

ז׳

## דער ווילדער און דער איירָאָפּעער

דורך אַ סיבה איז אַן איירָאָפּעער
פון אַ מענטשן־פרעסער אויפגעכאַפּט געוואָרן,
און ס׳פאַרשטייט זיך, אַז זיין „וואָהלגעבאָרען“
איז געווען דעם כּבוד אָנצונעמען שווער,
אַז דער ווילדער, אין אַ פּראָסטן אינדערווײַטן
זאָל אים אויף אַ מיטאָגל אָפּקאָכן.
און ער האָט אַזוי אַ מיטל אויספּראָבירט:
(כ׳בין מסופּק, אויב דאָס וואָלט גערירט
בריות אידעלע, ווי ער ציוויליזירט)
טענהן מיט דעם שוואַרצן יושר:
— „פּע, דו מעגסט זיך שעמען,
מיט דיין מיאוסן פעלער,
מענטשן פרעסן. צייט שוין ווערן קולטורעלער;
זיך צו אַרבעט נעמען;
ווערסטו דאַן אַן עושר,
קויפסט דיר איין אַ סך געווער,
גרינדעסט דיר אַ קעניגרייך,
בילדעסט אויס פיל ראָטעס מיליטער,

מיט די אײראָפּעער גלײַך
פרעגט דער װילדער:
— „און נאָכדעם — װאָס װעל איך מאַכן
מיט די אַלע גוטע זאַכן?"
— „הער, איך װיל דיר
דאָס גענוי דערקלערן.
שפּעטער, אַז דו װעסט אַ גרױסער מלך װערן
און זיך שטאַרקער פֿון דײַן שכן שפּירן,
בעמסטו באַלד מיט אים מלחמה פֿירן,
שטעלסט דיר אױס אַ פּראָנט סאָלדאַטן,
שיסט אין שונאס לאַגער מיט האַרמאַטן,
פֿאַלן מענטשן, װי די פֿליגן,
און דו װעסט, מיט גאָטעס הילף, זײַן לאַנד באַזיגן".
— „אַהה!... אַ רוח אין אײַער טאַטנס טאַטן!" —
האָט דער װילדער מיט די צײן פֿאַרביסן: —
— „גוט צו װיסן.
פֿײַנע מיטלען האָט איר אױסגעטראַכט.
שטאָטס אַ בױגן, אַ האַרמאַט אַ גרױסן;
הרגענען אױף אײנמאָל גאַנצע שטױסן;
פֿירן מענטשן, װי די שאָף צום שלאַכט.
װיל איך בעסער אײַנציקװײַז אײַך פֿרעסן
און מיר זיצן, װי מײַן טאַטע איז געזעסן".

III

## די טאָריאַדאָרן און די אָקסן

אין אַ צירק, אין שפּאַניען, ערגעץ וויי
ווען די טאָריאַדאָרן, פיינע לייט,
זאָבן אויסגעהרגעט מיט די שטיקעס
אַלע אָקסן, אַלע ביקעס,
האָבן זיי צונויפגעיאָגט
אויפן מאַרק אַ גרויסע צאָל בהמות,
און צו זיי אַזוי געזאָגט:
— „הערט, מיר זאָגן אייך בשלמות:
יער עס וועט צו אונז אַריין גוטוויליק
— וואָסער מין איז נישט קיין חילוק —
דעלן מיר זי פּאַשען,

פוצן, בערשטן, וואַשן;
געבן מיקן־שמאַלץ צו נאַשן,
ממש אים, ווי אַ בן־יחיד האַלטן".
פונקט איז אין אַ לאָך אַ פוקס געווען באַהאַלטן,
האָט ער צוגעמורמלט באַלד:
— „ס'וואָלט געווען אפילו נישט קיין שלעכט געהאַלט,
ווען מען וואָלט נישט שפּעטער זיי דעם קאָפּ געשפּאָלטן".

---

כ'האָב געלייענט מיט התפּעלות.
אַלע תּנאָים, מיט די טויזנט מעלות,
וואָס מען האָט באַקאַנט געמאַכט
פאַר די יונגע יאַטן,
די פּריוויליקע סאָלדאַטן,
און זיך, ווי דער פוקס געטראַכט.

IV

## דער זיג פון הונגער־מלאך

אין אַ לאַנד, שוין לאַנג, צוריק מיט יאָרן,
אויף זיין גאַנצער לענג און ברייט,
האָט דער הונגער־מלאך זיינע פליגלען אויסגעשפּרייט —
גרויס און שרעקלעך איז די נויט געוואָרן:
מ׳האָט געחלשט נאָך אַ שטיקל ברויט
און די גאָלד געוואויגן שפּייזן אויפן לויט.
איינמאָל האָט דער מלאך־המות
אָנגעטראָפן זיצן בײַ אַ בוים ערבות
זיין קאָלעגע הונגער־מלאך
טרויעריק און ווייס ווי קאַלך.
— „זאָג, וואָס איז מיט דיר, מיין פריינד,
עפּעס ביסטו מיר פאַרדאגהט היינט?“
האָט דער טויט געפרעגט.
און דער הונגער ענטפערט אויפגערעגט:
— „קוק אַראָפּ נאָר אויף דער ערד.
ס׳האָט די מענטשהייט קייגן מיר זיך אומגעקערט,
איז געוואָרן ווידערשפּעניק;
וויל נישט זיין מער אונטערטעניק

און פאַרזאַמלט זיך אין גרויסע מאַסן,
לויפּט און טומלט אין די גאַסן,
אַז מען זאָל זיי געבן ברויט צו זאַט.
חבר, גיט אַ ראַט,
ווי אַזוי איך זאָל זיי צומאַכן די פּיסקעס".
— „נו. פאַרלאָז אויף מיר זיך, גוטער ברודער!
קוק, איך טו מיט זיי אַ רודער,
זאָגט מען נאָך זיי „יזכור".
און דער מלאך־המות, פּריילעך, מוטיק,
האָט געמאַכט אַ רייזע דורך דעם לאַנד
און רציחיש, גאַנץ קאַלטבלוטיק,
אויסגעשעקעט מיט זיין קאַסע,
יענע „בונטאָווטשיקעס" נאָכאַנאַנד,
ווי אַ ביסל פּראָסע,
ווי אַ הייפל זאַנגען.
און באַרויקט איז דער הונגער איצט געוואָרן.
יאָ, די מענטשן וועלן שוין פאַרשפּאָרן
עסן צו פאַרלאַנגען...

---

אָט אַזוי האָט אויך געטון אַ מלוכה
פון סאָלדאַטן
און האַרמאַטן,
נישט האָבנדיק פון הונגעריקע קיין מנוחה.

V

## די קולטור און דער הארמאַט

די קולטור האָט נעבעך קרענקעניש געהאַט,
פון דעם רעש, וואָס עס מאַכט
אויף דער וועלט אָן דער האַרמאַט.
איינמאָל אַ פאַרנאַכט,
איז זי מיט אַ טענה איב באַפאַלן:
— „זאָג נאָר דו, וואָס איז
שטאָל-און אייזן-ריז ? !
רודערסט אויף אַ וועלט מיט דיינע קנאַלן.
לאָזט נישט איבער נאָך דיין טריט
קיין שום לעבעדיקן שפּור

און געדענקסט אפילו נישט,
אַז אַ דאַנק נאָר מיר, קולטור,
האָסטו זיך דעם רום געשאַפט
און די מוראדיקע קראַפט,
נאָך קיינעם נישט צו פרעגן
און פאַרניכטן אַלץ, וואָס שטייט דיר אין די וועגן".
דאָ האָט זיך דער שפּייער,
אָנגעצונדן פלאַם און פייער
און געברומט דורך קנוילן רויך:
— „אַ יישר כוח!
מעגסט דערפאַר זיך, פריצה, ריכטן,
אַז איך וועל נישט פריער אויפהערן
וועלטן קערן,
ביז איך וועל אויך דיך, קולטור, פאַרניכטן".

VI

## דעם חזירס מפּלה

אַ חזיר, תּמיד נאָר געוואַלגערט זיך אין מיסט,
האָט זיך אַמאָל, אַמאָל פאַרגליסט
צו קריכן אין אַ שיינעם גאָרטן,
וואָס איז באַוואַקסן רייך,
זיך פריציש־ברייט צעלייגן דאָרטן
און ווערן גלייך
צו לייטן.
פון אַלע זייטן,
מיט קנאה פול, געזאָגט וועט ווערן:
— „אָט האָט זיך ס'חזירל אַרויפגעכאַפּט,
אַן ערטעלע אַ וואוילס דערטאַפּט".
און ער וועט הערן
און שעפּן נחת, וואַקסן אין דער ברייט,
נישט שוינען קיינעם, יעדן שענדן,
אפילו קינד און קייט.
דער דבר־אחר האָט זיך לאַנג געגרייט
און אָנגעגורט די לענדן,
מיט שטאָלץ אַהינמאַרשירט,

ווי פאַר אַ „בריאה“, פאַר אַזאַ עס פּאַסט.
און אַז דערזעען ס'האָט דער ווירט
דעם ליבן גאַסט,
האָט ער אַ זאָג געטון אין אַ זייט:
— „עי, הזירל, דו ביסט אַוועק צו ווייט!
דיר פּאַסט נישט אַנדערש, פּאָנפּל־נאָז,
ווי אינם גאָרטן קומען,
זיך וואַלגערן, טשוואָליען אויפן גראָז
און שמעקן פיינע בלומען? —
דו קענסט נאָך אַ קאַטאַר באַקומען. —
אָט פאַר אַזעלכע געסט, ווי דו,
האָב איך אַן אָרט גאָר אַנדערש־וואו:
אַ גרויסן כליוו, אַ זומפּ אַ שטיק,
מיט בלאָטע טיף. גאָר אַן אַנטיק.
דו וועסט זיך האָבן צו באַלעקן“.
און טאַקע באַלד איז חזיר מיט אַ שטעקן
אין זומפּ פאַריאָגט געוואָרן.
וואו מ'האָט אים אָפּגעבאָדן, אָפּגעצוואָגן,
אַז ר'האָט געהאַט אַ צענטן צו פאַרזאָגן
אין פרעמדע גערטן קריכן צו פאַרשפּאָרן.

---

איר האָט געהערט שוין מן־הסתּם,
אַז ס'איז געווען אַ מלך מיט אַ שטאַרקער האַנט,
האָט אים פאַרגלוסט פאַרנעמען פרעמדנס לאַנד,
צעשפּרייטן זיך פון ים צו ים.
צום סוף האָט אים ס'איינעמעניש פאַרשאַט,
און ר'האָט אַזאַ מפּלה, ווי דער שווין געהאַט.

VII

# דער וואָלקן און דער האַרמאַט

אַ האַרמאַט, אַ פייערדיקער שיסער,
גאָר אַ גרויסער בלוט־פאַרגיסער,
האָט געטענהט מיט אַ דונערדיקן וואָלקן:
— „קלאַפּסט און שטורעמסט עפּעס, — ס׳איז פאַר דיר אַ שפּיל
גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין.
אין מיינע חשיבותדיקע מעשׂים קוק דיך איין.
מיינע שאָסן האָבן יאָ אַ וויכטיק־גרויסן ציל,
זיי פאַריאָגן ווייט דעם שונאס פולקן״.
און דער וואָלקן ענטפערט אים זאָפאָרט:
— „דאָך אַ שטיקל נוצן ברענג איך פונדעסטוועגן.
כ׳שיק אַראָפּ אַ רעגן,
דיינצוואָשן ס׳אָרט,
וואָס עס האָבן דיינע חשיבותדיקע שאָסן
מיט אומשולדיק בלוט באַגאָסן״.

# אינהאַלט-פאַרצייכניש:

## אַלגעמיינע

## צ י י ט ־ מ ש ל י ם

## מלחמה־משלים

